



אבאנאמענטס־פרייז פיר רוססלאנד:
יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג"
נור 5 רובל יעהרליך, האלב־יעהרליך 2.50
רובל, פירטעל־יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעססע קאסט 20 קאפ.
40 העללער.

פרייז פיר מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ.
40 העללער, 50 פפעניג.

די אדרעססע פיר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ".
מינדליך נאוואליפקי 7.

# א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.

ערשיינט יעדע וואך

רעדאקטאריען:

פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ־אבטהיילונג: מ. ספעקטאר.

פיר פובליציסטיק און וויססענשאפט: ד״ר ח. ד. הורוויץ.

פערלאג „פאלקס־בילדונג".

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . 3.75 „
פירטעל־יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג"
יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20 מארק;
11 שילינג; 14 פראנק. האלב־יעהרליך
און פירטעל־יעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

די אדרעססע פיר עסטרייך־אונגארן
און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt"
Krakau, Sebastyangasse 32.

Krakau, 3 December 1902. Nr. 23 קראקוי, ג׳ כסלו תרס״ג.




## אבאנעמענט אויף דעם נייעם יאהר 1903!

אין דער קורצער צייט, וואס אונזערע צייטונגען ערשיינען האבען זיי זיך פארברייטעט צווישען פאלק מעהר ווי מיר האבען גערעכנט ערוואַרטען, דאס גיט אונז מיטעל און קראפט אויף ווייטער גיט צו שפארען קיין זאך, כדי די צייטונגען וואס מעהר צו פערבעסערן און פערשענערן, הן אין אינהאלט, הן אין אויסזעהען, און גיט העכערן דעם ביליגען פרייז.

מיר געפינען פאר איבריג דא ווידערהאלען וועגען דעם צוועק און אינהאלט פון אונזערע צייטונגען. די ביזהעריגע נומערן „יודישע פאלקס־צייטונג" און „יודישע פרויען־וועלט" קענען יעדען בעקאנט מאכען, ווי ווייט אונזערע צייטונגען דיענען געטריי אונזער פאלק און זיינע אינטערעססען.

פרייז פאר ביידע צייטונגען, אויך די אדרעססע געפינען זיך אויבען אין אבאנאמענטס־פרייז. — ☛ אבאנירען אויף „יודישע פאלקס־צייטונג" און „יודישע פרויענוועלט" בעזונדער אדער צוזאמען קען מען נאר יעהרליך, האלב־יעהרליך און פירטעל־יעהרליך.

# פרויען־פראפעסיעס.

(א בריעף פון וויען).

אין וויען עקסיסטירט שוין איבער צוויי יאהר א יודישעס פאלקס־הויז. אדער ווי מען רופט עס א יודישע „טוינבי־האלע". דער נאמען איז גענומען געווארען פונ'ם נאמען ארנאלד טוינבי, איין ענגלישען סטודענט, וועלכער איז געוועזען דער ערשטער, וואס האט געגרינדעט אזעלכע פאלקס־הייזער אין לאנדאן. דער וויענער טוינבי־זאל געפינט זיך אין דעם ארימסטען ווינקעל פון וויען, וואו עס וואהנען פיעל יודען, יעדען אבענד קומען זיך צונויף פערשיעדענע קלאסען יודען, דאס רוב אבער ארבייטער, ארימע מענער און פרויען, יונגערע און עלטערע, און פערברענגען דעם אויף־דער־נאכט אי אינטערעסאנט אי ניצליך.

יעדען אבענד לייענט צום ערשטען עמיצער עפיס פאר, א וויסענשאפטליכען צי א ליטעראַרישען רעפעראט, דערנאך זינגט עמיצער לידער, לייענט פאר דייטשע צי יודישע שירים, שפיעלט אויף דעם פארטעפיאן, און אזוי פערברענגט מען אין־איינעם צוויי־דריי שעה.

איין אבענד אין דער וואך (יעדען דינסטאג) איז אויסגעזעצט פאר „דיסקוסיעס", ווי מע רופט דאס דא. „דיסקאסיע", ווייסען מיר, הייסט וכוחים.

אין די אבענדע לייענט מען גאר ניט, מען שפיעלט ניט, מען זינגט ניט, נאר מע שמועסט ארום וועלכע ס'איז וויכטיגע לעבענס־פראגע, געוועהנליך אלע מאל איין אנדערע נייע פראגע. יעדער פונ'ם פובליקום קען דא זיך אריינמישען, ארויסזאגען זיין מיינונג אין דער פראגע, פרעגען, ענטפערן. אזעלכע אבענדע זענען שטענדיג זעהר אינטערעסאנט און ניצליך פאר דעם פובליקום פון דעם טוינבי־זאל.

אפט מאכט זיך, אז מען ריהרט אויף א פראגע, וואס קיינער גלויבט זיך ניט, אז זי זאל עמיצען אינטערעסירען, און צום סוף דויערט דערנאך דער וכוח וועגען איהר גאנצע וואכען. דער פראפעססאר קעלנער, וועלכער האט געגרינדעט די וויענער יודישע טוינבי־האלע דערצעהלט, ווי פאר א יאהרען האט א געוויסער הער יארק־שטיינער געשטעלט די פראגע: „פאר וואס גיבען יודען גדן?" קיינער האט ניט געוואלט גלויבען, אז דאס וועט עמיצען אינטערעסירען. צום סוף האט מען דערנאך גאנצע חדשים געהאלטען אין איין שמועסען דערפון און מען איז ניט פארטיג געווארען מיט דער פראגע. אין אויסלאנד איז מען דערפון געוואהר געווארען, און א טהייל רוסישע געזעלשאפטען און צייטונגען האבען אויך אנגעהויבען דערפון צו שמועסען און צו שרייבען.

פון איינעם אזעלכען אבענד וויל איך איצט דערצעהלען אונזערע לעזערינס. די פראגע וועלכע מע האט דאס מאל אויפגעמישט איז זעהר א וויכטיגע, פראקטישע לעבענס־פראגע פון אונזער צייט. דאס איז די פראגע פון פרויען־פראפעסיעס.

די פרוי פונ'ם פראפעססאר קעלנער האט געזאלט אריינפיהרען דעם עולם פון דער טוינבי־האלע אין די פראגע, זי האט אבער ניט געקענט קומען, האט פאר איהר געהאלטען די רעדע דער פראפעססאר קעלנער. ער פרעגט צוערשט, צו איז איבערהויפט פארהאנען אין אונזער צייט פרויען־פראפעסיעס, און ענטפערט דערויף: יא! ס'איז פארהאנען צווייערליי פרויען־פראפעסיעס: אינטעליגענטע און ניט אינטעליגענטע, אדער נידריגערע, ווי מע רופט זיי. די פרויען בעשעפטיגען זיך איצט מיט ביידע. די פרויען שטודירען איצט זעהר פיעל אין די גימנאזיעס און אין די אוניווערזיטעטען. צווישען יעדע 60 זיינע תלמידים אויף דער פילאזאפישען פאקולטעט פון דער וויענער אוניווערזיטעט — דערצעהלט דער פראפעססאר קעלנער — געפינען זיך 30 פרויען. א אנדערער וויענער פראפעססאר פון דערזעלבען פאקולטעט, פראפעססאר מינאר האט דערצעהלט דעם פראפעססאר קעלנער אז פון זיינע 300 תלמידים זענען 2/3 סטודענטקעס. דער פראפעססאר מינאר האט זיך ערשט ניט לאנג מודה געווען אין א וויענער צייטונג, אז פריהער מיט יאהרען איז ער געוועזען א געגנער פון פרויען־בילדונג און האט בדעה געהאט צו פערווערען סטודענטקעס זיי זאלען קומען אויף זיינע לעקציעס. ער האט אבער באלד חרטה

# פעליעטאן.

## ראש חדש מעשיות.

בלעם אין הימעל.

מירקע ניסן־הירש'ס און חאנצי אברהם־בער'ס זיצען ביידע אין קיך און שמועסען צווישען זיך. איין אנדערע, ניט חאנצין, וואלט מירקע ניט אריין גענומען אין קיך: וואס איז, קארג אבגעשלאסענע צימער איז דא ביי איהר, וואו מענשען אויפצונעמען?! נאר חאנצי איז ניט קיין „גאסט"; חאנצי איז א נאהענטע שכנה, וואס מאכט ניט קיין „וויזיטען"; גלאט עס איז היינט „ראש חדש", נישטא וואס צו טהון, איז זי אריינגעקומען, חאטש איין מאל אין חדש א יודישווארט חאפען.

מירקע, זאגט זי, קאן נוט דערצעהלען. מירקע איז א יודינע אויף פיער אויגען, לייענט „צאינה וראינה", „נחלת צבי" און אלע טייטש־ספרים. מירקע איז אהאלבער מאנסביל! ניט דאס וואס — איך, אימשטייענס־געזאגט, א קוה אין א שלאף־ראק! וועטשערע קאכען, קינדער ניאנטשען — און ווייטער וואס ווייס איך? קוים וואס איך זאג „מודי" (מודה אני), אפילו א שטיקעל דייטש־חומש אב־לייענען קאן איך ניט. ווער שופר בלאזען, וואס אתרוג בענשען! א מערבה דער שמש זאגט ניט פור — „באם", ווען יא וואלט איך איהם דאס אויך נאכגעזאגט! דאס געהט א פנים אויך נאכ'ן מאן נאך: ביי א לייטישען מאן, זענען די ווייבער אויך לייטישער.

זינט זי וואהנט מיט מירקע'ן אין שכנות — פעהלט דאס איהר ניט אזוי שטארק, סאדין ווען זיי ווערען ברגז, — ווייטער דערצעהלט איהר מירקע אלסדינג. מירקע איז איהר אפילו א פורזאגערין אין שוהל אויך, דערמאנט זי, ווען מע דארף זיך אויף די פיס שטעלען און ווען מע דארף וויינען.

ווער שמועסט נאך, אז ביילה די שוחט'קע — אויך א נאהנטע שכנה — קומט אריין, — דענסטמאל דערצעהלט מירקע, דערצעהלט ביילה, איינע וויל די אנדערע איבערדערצעהלען און חאנצי געהט א היים מיט א פול הארץ! זי זיצט, הערט און שווייגט; פרעגט נאר איבער עפעס און שווייגענדיג, — נאשט זי זיי, ביידע רעדעווודיגע מלומדת'ן, אויף. זי האט דערנאך דעם מאן אויף גאנצע שבתים צו־דערצעהלען.

מירקע זיצט נעבען פריפעטשיק אויף א נידעריג טאבורעטל,

געקריגען, ווייל ער האט זיך איבערצייגט, אז די פרויען זענען די פלייסיגסטע און די בעסטע פון זיינע תלמידים. אויף דער מעדיציני־שען פאקולטעט האט מען אין עסטרייך ביז ניט לאנג קיין פרויען גאר ניט געוואלט אויפנעמען; דערפאר איז נאך אין עסטרייך איצט פארהאנען גאר ווייניג מעדיצינישע סטודענטקעס. דארט אבער וואו מע לאזט צו פרויען צום מעדיצינישען שטודיום, ווי למשל אין דער שווייץ, זענען די אוניווערזיטעטען פול מיט סטודענטקעס.

פיעלע פרויען לעבען איצט פון דער פעדער. ד. ה. זיי זענען מיטארבייטערינס פון צייטונגען. ס'איז פאראן צייטונגען — דערצעהלט פראפעסאר קעלנער — ווי א חוץ דעם רעדאקטאר איז ניט דא קיין איין מיטארבייטער, נאר מעהר נישט ווי מיטארבייטערינס. אין די פרויען־צייטונגען זענען מייסטענס אויך פרויען־רעדאקטארינס. איינינע רעדאקטארען האבען איהם דערצעהלט, אז קיין שום מיטארבייטער איז ניט אזוי פלייסיג און ענערגיש ווי די מיטארבייטערינס. לאז מען א מיטארבייטער אמאל אבזאגען צו דרוקען זיין ארטיקעל, בעליידיגט ער זיך און מען זעהט איהם מעהר ניט אין דער רעדאקציע. די מיט־ארבייטערינס שרעקען זיך פאר אזעלכע קליינינקייטען ניט איבער, זיי קומען נאך און נאך אמאל, ברענגען אלע מאל נייע ארטיקעל ביז זיי פיהרען דאך זייערס אוים.

פיעלע פרויען ווערען קינדער־גערטנערינס, ערציהערינס, באנען, גובערנאנטקעס, לעהרערינס אין פערשיעדענע שולען: אין פריוואט־שולען, געמיינדע (אבשטעטסטווענע) שולען און רעגירונגס־שולען. יודישע פרויען קריגען אבער אזעלכע שטעלעס ניט, זענען זיי מייסטענס נאר פריוואט־לעהרערינס.

פיעלע יודישע פרויען ווערען ארטיסטקעס, קאנצערטיסטקעס, זענגערינס, מוזיק־לעהרערינס; איינינע זענען מאלערינס און אפילו סקולפטורקעס בעגעגענט מען איצט. ווי מיר וויסען איז פאראן א בעריהמטע סקולפטורקע, פרוי רים, א יודין דערצו.

דאס איז אלץ אינטעליגענטע פרויען־פראפעסיעס. היינט זענען פאראן די ניט־אינטעליגענטע: נעהען, שטריקען, קאכען, דיענען.

אין אונזער צייט, רופט מען די פראפעסיעס „נידריגע" פרא־פעסיעס און מען שעמט זיך מיט זיי. אמאל איז געווען גאנץ אנדערש. נעהען און שטריקען האט זיך אמאל גערעכענט פאר א קונסט און די רייכסטע און בעסטע פרויען פלעגען זיך דערמיט בעשעפטיגען. די ווייבער און טעכטער פון מלכים, פירשטען, גראפען פלעגען אמאל קיין אנדער ארבייט ניט וויסען, נאר טאג און נאכט פערברענגען מיט נעהען און שטריקען. אין די וויענער מוזעאומס קען מען נאך איצט געפינען טייערע קולימעס און פערשיעדענע אנדערע האנד־ארבייטען פון די אמאליגע דייטשע קעניגס־טעכטער. און אויך דאס קענען קאכען איז אמאל געווען דער ערשטער סימן פון א פיינער, לייטישער און גוט ערצויגענער פרוי, איבערהויפט ביי די יודישע טעכטער. היינט שעמען זיך די העכערע קלאסען, אי מיט דעם נעהען אי מיט דעם שטריקען און מען בעשעפטיגט זיך דערמיט נאר ווי מיט א מלאכה פאר נויט: פון קאכען און דיענען שמועסט מען שוין גאר ניט.

אט דאס זענען די פראפעסיעס, מיט וועלכע די פרויען בע־שעפטיגען זיך אין אונזער צייט.

(ענדע קומט).

יעקב שאר.

---

# די פרויען־וועלט.

## I

## אלגעמיינע נייעס.

**(פרויען אין קאסא־פאנדען).** דאס רוסישע פינאנץ־מיניס־טעריום האט ערלויבט אריינצונעמען פרויען אין די פעטערסבורגער קאסא־פאנדען.

**(וועגען שענדליכען האנדעל).** דער מיניסטער־פרעזידענט פון אונגארן סעעל האט ערקלערט אין אבגעארדנעטען־הויז, אלס אנטווארט וועגען דעם, וואס מען האט פערפיהרט 40 אונגארישע מעדכען און מען האט זיי געבראכט קיין האמבורג, אז מען וועט

---

אונטערגעשפארט דעם קאפ מיט איין האנד; א קעגען, אויף א האלב זעקיל מעהל, זיצט חאנצי, אויס־געשטראצט מיט די אויגען אויף דער שכנה, וועלכע האלט אין דערצעהלן:

— האט ער געזאגט א שם, איז ער ארויפגעפלויגען אין דער הויך...

— א גוט־העלף אייך! — שלאגט ביילה די שוחט'קע איבער מיט איהר אריינקומען.

— א גוט יאהר! — חאפט מירקע און ענפערט, און וויל זיך אומ־קעהרן צום איבערגעריסענעם שמועס; נאר, כדי יענע זאל ניט זיצען, ווי א שטומע בהמה, דערצעהלט זי איהר חאפענדיג פון וואס זיי שמועסען.

— פון בלעמ'ן, ווען משה רבינו האט איהם געהרג'ט, דערצעהל איך איהר — זאגט זי אין קורצען. (אז ווייבער ווילען, — קאנען זיי אויך אין קורצען דערצעהלען).

— האט ער געזאגט א שם, — איז ער ארויפגעפלויגען...

נאר חאנצי קאן דאס ניט דורכלאזען. זי האט זיך אויפגעהויבען פון איהר ארט און האט זיך נעהנטער צו גערוקט. ביילע האט זיך דערוויל בענוצט מיט דער געלעגענהייט, און פארנעמען איהר ארט

— וואס זשע? — פרעגט חאנצי, ניט אהן פארדרוס — בלעם פארעט זיך אויך מיט שמות?

— ניט — פון די הייליגע שמות, נארעלע — מישט זיך ביילה אריין — א שם הטמאה, ניט קעגען נאכט געדאכט, א שם הטמאה האט ער גע־זאגט.

— נו, מיט א שם הטמאה קאן מען דען ארויפפליען?

— זעהסט דאך, אז מע קאן — פארחאפט מירקע און ענפערט, כדי ניט צו געבען יענער קיין צייט אריין צו מישען זיך — נאר הער־זשע, וואס עס איז ווייטער געוועהן!

חאנצי האט זיך בערוהיגט און ווייטער געהערט:

— האט משה רבינו געזאגט א הייליגען שם, איז בלעם אראב־געפאלען.

חאנצי איז נאך מעהר אויפגערייצט געווארען; איהר איז ניט אנגעשטאנען, אז בלעם הרשע ־ ימח שמו, זאל ארויפפליהען, און משה, אונזער משה רבינו; זאל אנדערש בלעמ'ן ניט קאנען ביי־קומען, ביז ער זאל איהם מיט א שם אראבציהען אויף דער ערד.

— פאר וואס זשע איז משה רבינו בעסער ניט ארויפגעפלויגען? דארט אין דער הייך האט דאך בלעם מסתם א קלענערע שליטה גע־האט, ווי דא, אויף דער ערד.

ביידע וואלקענטוודיגע ווייבער האבען אנגעהויבען ציהען לאנגע

מַאכֶען אַ שְׁטְרֶענְגֶע אוּנְטֶערְזוּכוּנְג. אוֹיךְ וֶועט דִי נַייֶע אָרְגַאנִיזִירְטֶע פָּאלִיצַיי, וָואס מֶען הָאט נִישְׁט לַאנְג בַּיי דֶער גְרֶענֶעץ גֶעשְׁטֶעלְט, אַכְטוּנְג גֶעבֶּען, עֶס זָאל נָאךְ אַמָאל אַזוֹינֶע זַאכֶען נִישְׁט פָּארְקוּמֶען.

(פְרוֹיֶען אִין דֶער בֶּערְזָא). אֵיינִיגֶע פְרוֹיֶען אוֹיס פֶּעטֶערְסְבּוּרְג, וֶועלְכֶע הָאבֶּען גְרוֹיסְאַרְטִיגֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט צוּ דֶעם מִינִיסְטֶער דֶעם אִינֶערֶען, עֶר זָאל עֶרְלוֹיבֶּען פְרוֹיֶען אַרַיינְצוּקוּמֶען אִין דֶער בֶּערְזָא. זֵיי הָאבֶּען עֶרְקְלֶערְט, אַז וֶוען זֵיי וֶועלֶען אַלֵיין דֶערְבַּיי זַיין אוֹיף דֶער בֶּערְזָא, וֶועלֶען זֵיי קֶענֶען בֶּעסֶער אוּנ רִיכְטִיגֶער בֶּעהַאנְדֶלֶען זֵייעֶרֶע גֶעלְד-אִינְטֶערֶעסֶען.

(אַ זְשוּרְנַאל פַאר שִׁילֶערִינֶען). אִין אֵיינֶעם פוּן דִי פֶּעטֶערְסְבּוּרְגֶער גִימְנַאזִיֶעם פַאר פְרוֹיֶען הָאבֶּען דִי שִׁילֶערִינֶען פוּן פִיעֶרְטֶען קְלַאס אוּנ הֶעכֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסְגֶעבֶּען אַ זְשוּרְנַאל. אַ רֶעדַאקְטָאר וֶועלֶען דִי שִׁילֶערִינֶען צְווִישֶׁען זִיךְ אַלֵיין אוֹיסְקְלוֹיבֶּען מִיט רוֹב דֵעוֹת, דֶער זְשוּרְנַאל וֶועט הֵייסֶען „דֶער שְׁטֶערְן“.

(הוּנְגֶער צוּלִיעֶב בִּילְדוּנְג). פוּן מָאסְקְוַוא שְׁרַייבְּט מֶען, אַז דִי „קוּרְסִיסְטְקֶעס“, דָאס הֵייסְט דִי פְרֵיילֵיינְס, וָואס לֶערְנֶען זִיךְ צוּ וֶוערֶען פֶעלְדְשֶׁער אוּנ אַקוּשֶׁערְקֶעס, לֶעבֶּען דָארְט אִין גְרוֹיס עֶלֶענְד אוּנ נוֹיטְה, אַ טְהֵייל פוּן זֵיי קוּמֶען אוֹיס אַ טָאג מִיט זֶעכְס אָדֶער פִינְף קָאפֶּעקֶען אוּנ אַנְדֶערֶע מִיט נָאךְ וֶוענִיגֶער, עֶס גֶעהֶען אַ וֶועק טֶעג, וָואס מֶען מַאכְט זִיךְ גָאר אַ תַּעֲנִית, מֶען עֶסְט גָאר נִישְׁט. עֶס אִיז אַפִילוּ דָא אַ חֶבְרָה צוּ שְׁטִיצֶען דִי אָרִימֶע קוּרְסִיסְטְקֶעס, נָאר זֵיי ווִילֶען נִישְׁט גֶערְן נֶעמֶען צְדָקָה.

(דֶער פְרוֹיֶען-פֶּערְאֵיין אִין אַדֶעסַא). דֶער אַדֶעסֶער פְרוֹיֶען-פֶּערְאֵיין, זָארְגְט זֶעהְר פִיעל פַאר דִי יוּנְגֶע אָרֶעמֶע מֵיידְלֶעךְ. נִישְׁט לַאנְג הָאט דֶער פֶּערְאֵיין בֶּעשְׁלָאסֶען אַיינְצוּרִיכְטֶען פַאר דִי שִׁילֶערִינֶען, וָואס לֶערְנֶען זִיךְ אִין דִי זוּנְטָאג-שׁוּלֶען, לִיטֶערַארִישֶׁע אוּנ מוּזִיקַאלִישֶׁע לֶעקְצִיאָנֶען. דִי לֶעהְרֶערִינֶען פוּן דִי דָאזִיגֶע לֶעקְצִיאָנֶען וֶועלֶען זַיין דָאס רוֹב פוּן דִי מִיטְגְלִידֶער פוּן דֶעם פֶּערְאֵיין. אוֹיךְ הָאט דֶער קָאמִיטֶעט פוּן פֶּערְאֵיין בְּדֵעָה אַיינְצוּפִיהְרֶען אַ בֶּעזוּנְדֶער קָאר אוּנ פַאר דִי גַאנְץ אָרֶעמֶע וֶועט וֶוערֶען אַיינְגֶעפִיהְרְט אִין דִי זוּנְטָאג מָארְגֶענְס פֶּערְשִׁידֶענֶע טֶענְץ. בִּילֶעטֶען אַרַיינְצוּקוּמֶען אוֹיף דִי דָאזִיגֶע טֶענְץ אוּנ אַנְדֶערֶע פֶּערְוַוייליוּנְגֶען וֶועלֶען בֶּעקוּמֶען נָאר אַזוֹינֶע מֵיידְלֶעךְ אוּנ אַרְבֵּייטֶערִינֶען, וָואס זֶענֶען דְרַיי זוּנְטָאגְס בְּסֵדֶר גֶעקוּמֶען צוּ דִי זוּנְטָאג-קוּרְסֶען.

(אַ פְּרֶעמִיֶע פַאר לַאנְג זַיין אוֹיף אֵיין אָרְט). אַ פּוֹילִישֶׁער רַייכֶער מַאן אַדַאם חָאינַאצְקִי הָאט אִין זַיין צַוָואָה אָבְּגֶעשְׁרִיעֶבֶּען אַ גְרוֹיסֶען קַאפִּיטַאל, וָואס פוּן דֶעם פְּרָאצֶענְט זָאל מֶען גֶעבֶּען אַלְס פְּרֶעמִיֶע דֶער דָאזִיגֶע פְרוֹי, וֶועלְכֶע הָאט אַ לַאנְגֶע צַייט גֶעדִינְט טְרַיי אוּנ עֶהְרְלִיךְ אוֹיף אֵיין אָרְט כְּסֵדֶר. פוּן 13 דִינְסְטֶען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעמָאלְדֶען, הָאבֶּען צְווֵיי בֶּעקוּמֶען פְּרֶעמִיֶעס: דִי עֶרְשְׁטֶע פְּרֶעמִיֶע אוֹיף דֶער סוּמֶע 128 רוּבֶּעל אוּנ 62 קָאפּ. הָאט בֶּעקוּמֶען דִי קֶעכִין רָאזַאלִיֶע סְטַאנְקֶעוִויץ אוֹיס וַוארְשָׁא, וֶועלְכֶע אִיז 40 יָאהר כְּסֵדֶר גֶעוֶוען אוֹיף אֵיין שְׁטֶעלֶע, אוּנ דִי צְוֵוייטֶע פְּרֶעמִיֶע אוֹיף אַ סוּמֶע פוּן 64 רוּבֶּעל מִיט 31 קָאפּ. הָאט בֶּעקוּמֶען דִי קֶעכִין מַארִיַאנַא סִיקָארְסְקַא, אוֹיךְ אוֹיס וַוארְשָׁא, וֶועלְכֶע הָאט גֶעדִינְט בַּיי אֵיין בַּעַל-הַבַּיִת 16 יָאהר כְּסֵדֶר.

(דֶער עֶרְשְׁטֶער שִׁילֶערִינֶען-אָבֶענְד). הַיינְטִיגֶען חוֹדֶשׁ אִיז אִין אַדֶעסַא גֶעוֶועזֶען דֶער עֶרְשְׁטֶער שִׁילֶערִינֶען-אָבֶענְד, וֶועלְכֶען דֶער מִינִיסְטֶער דֶעם אִינֶערֶען הָאט עֶרְלוֹיבְּט. אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען אָבֶענְד זֶענֶען זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען פִיעל אָרֶעמֶע מֵיידְלֶעךְ אוּנ מֶען הָאט דֶעם אָבֶענְד פֶּערְבְּרַאכְט מִיט לֶעזֶען נִיצְלִיכֶע בִּיכֶער אוּנ זִינְגֶען פֶּערְשִׁיעֶדֶענֶע לִיעדֶער. אַזוֹינֶע אָבֶענְדֶע וֶועלֶען אִין אַדֶעסַא זַיין יֶעדֶען זוּנְטָאג. צָאהְלֶען פַאר דָאס אַרַיינְקוּמֶען צוּם אָבֶענְד בְּרוֹיךְ מֶען נִישְׁט.

---

II.

# יוּדִישֶׁע נַייֶעס.

(גֶעלֶעבְּט הוּנְדֶערְט מִיט פִיעֶר יָאהר). נִיט לַאנְג אִיז אִין בּוּדַאפֶּעסְט גֶעשְׁטָארְבֶּען אַ יוּדִישֶׁע פְרוֹי הַאנַא כַּהַן. זִי אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען בַּיים שְׁטַארְבֶּען 104 יָאהר.

(אַדֶעסֶער פְרוֹיֶען שִׁיקֶען אַ דֶעפּוּטַאצִיֶע צוּ „יַקָא“). דֶער יוּדִישֶׁער פְרוֹיֶען-פֶּערְאֵיין אִין אַדֶעסַא, וֶועלְכֶער זָארְגְט צוּ גֶעבֶּען יוּדִישֶׁע אָרִימֶע מֵיידְלֶעךְ דִי מֶעגְלִיכְקֵייט זִיךְ צוּ לֶערְנֶען מְלָאכוֹת אוּנ אַלְגֶעמֵיינֶע בִּילְדוּנְג, הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ דֶער חֶבְרָה „יַקָא“ אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג אַ דֶעפּוּטַאצִיֶע, צוּ בֶּעטֶען בַּיי דֶער חֶבְרָה זִי זָאל שְׁטִיצֶען דֶעם פְרוֹיֶען-פֶּערְאֵיין; עֶרְשְׁטֶענְס זָאל זִי בֶּעשְׁטִימֶען אַ גֶעוִויסֶע סוּמֶע אוֹיף צוּ בּוֹיֶען אַ הַאנְדְוֶוערְק-שׁוּלֶע פַאר מֵיידְלֶעךְ, צְוֵוייטֶענְס זָאל זִי בֶּעשְׁטִימֶען אַ יֶעהְרְלִיכֶע שְׁטִיצֶע אוֹיף אוֹיסְצוּהַאלְטֶען דִי דָאזִיגֶע שׁוּלֶע.

(אַ נַייֶער יוּדִישֶׁער פְרוֹיֶען-פֶּערְאֵיין). אִין זְלָאטְשָׁאוו (גַאלִיצִיֶע) הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶענוּמֶען יוּדִישֶׁע מֵיידְלֶעךְ אוּנ פְרוֹיֶען אוּנ הָאבֶּען

---

וֶוערְטֶער, כְּדֵי אוֹיסְצוּזוּכֶען דֶער וַוייל אַ תֵּרוּץ אוֹיף דֶער קַשְׁיָא, וָואס אַ פְּרָאסְטֶע „קוּה אִין אַ שְׁלָאפְרָאק“ קָאן אַיינְפַאלֶען צוּ פְרֶעגֶען.

— יָא... אֶמֶת... נָאר... נַארֶעלֶע... מֶע דַארְף דָאךְ פֶּערְשְׁטֵעהֶן...

— דֶער אֶמֶת אִיז טַאקִי בִּלְעָם... פַארְשְׁטֶעהְסְט... משֶׁה רַבֵּינוּ... מִיט אַהֲרֹן הַכֹּהֵן...

נָאר קֵיין תֵּרוּץ אִיז נִיט אַיינְגֶעלָאפֶען.

— שְׁטֵעה, שְׁטֵעה! לָאמִיךְ זִיךְ דֶערְמָאנֶען! — זָאגְט מִירְקֶע. עֶס אִיז אִיהר אַיינְגֶעפַאלֶען אַ תֵּרוּץ אִין קָאפּ:

— משֶׁה רַבֵּינוּ, נַארֶעלֶע, הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אַרוֹיפְצוּפְלִיהֶען... פַארְשְׁטֵעהְסְט? נִיט פַאר זִיךְ הָאט עֶר מוֹרָא גֶעהַאט, נָאר פַאר דִי יוּדֶען; ... עֶר הָאט זֵיי מוֹרָא גֶעהַאט אַלֵיין אִיבֶּערְלָאזֶען... נִישְׁט קֵיין מְלָאכָה אַרוֹיפְצוּפְלִיהֶען... וֶוען מֶע קָאן אִיטְלִיכֶען מִיטְנֶעמֶען מִיט זִיךְ... אָבֶּער, אַז יֶענֶע קָאנֶען זִיךְ נִיט אוֹיפְהֵייבֶּען, — דַארְף מֶען זֵיי דָאךְ אִיבֶּערְלָאזֶען... — וֶוער וֵוייסְט? ... אֵיינְמָאל נָאר הָאט אִיהם גָאט, בָּרוּךְ הוּא, אַרוֹיף גֶערוּפֶען אוֹיפְ'ן בַּארְג סִינַי... נוּ? ... בִּיז עֶר אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען, הָאט מֶען גֶעמַאכְט דָאס גָאלְדֶענֶע קָאלְב...

חַא, חַא! — צֶעלַאכְט זִיךְ בֵּיילָה — אִיךְ שְׁטֵעה, הֶער אוּנ שְׁוַוייג אוּמְזִיסְטֶען, לָאמִיךְ הֶערֶען, וִוי אִיהר וֶועט דָאס צֶעלֶענֶען! וֵוייס אִיךְ וָואס?! דֶערְצֵיעהְלְט — זְשֶׁע שׁוֹין אִין גַאנְצֶען, וִוי עֶס אִיז גֶעוֶוען!

— בִּלְעָם אִיז אוּמְזִיסְטֶען אַרוֹיפְגֶעפְלוֹיגֶען — שְׁטֶעלְט זִי זִיךְ אוֹיף דִי פִיס אוּנ דֶערְצֵיעהְלְט — וַוייל עֶר הָאט משֶׁה'ן גֶעוָואלְט פַארְנַארֶען... אַהִין אַרוֹיף... אוֹיף כְּלוֹמַר'שְׁט אִין הִימֶעל... אִין משֶׁה'ס הִימֶעל אַרַיין, כְּדֵי עַם יִשְׂרָאֵל זָאל בְּלַייבֶּען, חַס וְשָׁלוֹם, אַלֵיין מִיט דִי אוֹיסְגֶעלַאסֶענֶע מִדְיָנְ'קֶעס, ימ"ש! משֶׁה הָאט אָבֶּער גֶעווּאוּסְט... דָארְט, אִין דֶער הוֹיךְ אִיז נִיטָא וָואס מוֹרָא צוּ הָאבֶּען פַאר בִּלְעָם הָרָשָׁע: סַיי וִוי וֶועט עֶר זִיךְ דָארְט קֵיין סַךְ נִיט הַאלְטֶען... אוּנ פוּן יוּדֶען טָאר מֶען נִיט אָבְּטְרֶעטֶען... דָאס הָאבּ אִיךְ, דַאכְט זִיךְ, פוּן מַיינֶעם גֶעהֶערְט... אָדֶער אֶפְשַׁר הָאבּ אִיךְ עֶס גֶעלֵייעֶנְט עֶרְגִיץ... יָא אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעלֵייעֶנְט, עֶרְגִיץ שְׁטֵעהְט עֶס גֶעשְׁרִיבֶּען...

— פַאר שְׁטֵעהְט זִיךְ, עֶס שְׁטֵעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, — חַאפְּט מִירְקֶע אוּנְטֶער — אַ וְהָא-רַאֲיָה, אִיךְ הָאבּ עֶס, דַאכְט זִיךְ, אוֹיךְ גֶעלֵייעֶנְט! אַז נִיט, פוּן וַואנֶען דֶען וֵוייס אִיךְ עֶס?...

י. שְׁטֵיינְבֶּערְג.

געגרינדעט א חברה צו לערנען יודישע היסטאריע און העברעאיש, און זיך צו בעקענען מיט דער העברעאישער ליטעראטור.

(א פרוי וואס פערשטעהט גמרא). אין לאנדאן האט מען בעמערקט ביי די לעצטע דרשה וואס דער רב הכולל האט געדרש'נט דעם שבת תשובה, א פרוי וועלכע איז געשטאנען מיט א גמרא אין דער האנד און האט צוגעהערט דעם פלפול מיט גרויס כונה און נאך דער דרשה האט זי די גמרא איבערגעגעבען א נעגער איהרער א דיענער. די פרוי איז געוועזען מאדאם ששון, די פרוי פון דעם בעריהמטען אינדיאנישען מיליאנער ששון, א קרוב פון דער פאמיליע ראטהשילד.

---

# א ווייבער־בונט

## א מעשה, וואס האט פאסירט אין שלמה־המלך'ס צייטען.

### פון שרה פייגע פאנער.

### I.

### די רעדעל־פיהרערין.

עס ווערד דערצעהלט, אז אין די צייטען פון שלמה־המלך האבען די דארפס־פרויען געמאכט א בונט געגען דעם דאזיגען קעניג. זיי זענען אין כעס געוועזען אויף איהם, ערשטענס: פאר וואס נעהמט ער פרעמדע פרויען און נישט קיין יודישע, און צווייטענס, פאר וואס האט ער אזוי פיעל פרויען? „וואס הייסט? פלעגען זיי זאגען: איין קעניגין קאן א לאנד אויס האלטען, אבער ניט טויזענד. איינע פון די דארפס־פרויען, מיט איהר נאמען בת־שבע, וועלכע האט זיך תמיד געריהמט מיט דעם, וואס זי הייסט ווי דעם קעניגס מוטער, איז געוועזען די גאנצע פיהרערקע פון בונט, און זי איז טאקע געוועזען א גאנצע מיוחסת: זי האט געקענט דוד המלך און מיט איהם אפילו געשפראכען. איהר פאטער און איהר מאן האבען טהייל גענומען אין איינינע מלחמות, וואס די יודען האבען געפיהרט מיט זייערע שונאים. און יואב אליין דער גרעסטער העלד און שר צבא פון דוד המלך, האט זיי געלויבט פאר זייער גבורה. איהר פאטער איז געוועזען דער ערשטער, וואס האט דערזעהען אבשלום'ן דוד'ס זוהן, וואס האט מורד געוועזען געגען זיין פאטער — הענגענדיג אויף דעם אייכען־בוים, אבער ער האט איהם נישט געטהון, נאר געזאגט יואב'ן, און דער פאר האט איהם דוד געשאנקען א גרויסע נחלה אין וואלד לבנון. איהר טאטע איז טאקי געוועזען א רייכער „פאמיעשציק" און אז ער איז געווארען אלט, און שלמה האט געדארפט בויען זיין וואפען־הויז אין לבנון, האט ער מיט איהם געמאכט איין אויס־בייט: ער האט גענומען זיין געשענקטע נחלה, ווייל דאס האט איהם געפאסט צו זיין פלאן, און איהם האט ער געגעבען גוטע ערד אין דעם דארף „עין גדי", ניט ווייט פון ירושלים, וואו בת־שבע מיט איהר מאן האבען געוואהנט. דארט האט זי מיט איהר לשון־הרע געבונטעוועט די דארפס־ווייבער קעגען דעם קלוגען און וועלט בעריהמטען יודישען קעניג.

אז די מלכת־שבא איז געקומען צו שלמה המלך, און ער האט איהר געטהון גרויס כבוד, געוויזען די גרויסע הערליכקייט פון בית־המקדש, אויך די שענקייט און קונסט פון זיין פאלאץ און די ארדנונג פון זיין מלוכה, האט זי געזאגט, אז עס איז גאר נישטא קיין גליקליכער פאלק, ווי די יודען, וואס האבען אזא גאט און אזא קעניג.

— דאך, האט דער קעניג געזאגט, זענען דא א סך אונצופריעדענע, בעזונדער צווישען די ווייבער: עס געפעהלט זיי ניט, פאר וואס איך האב געארדנעט א „הויפשטאט" מיט פיעלע דאמעי פאר דער קעניגין, און זיי רעדען טאקי שלעכטס אויף מיר.

— און דו שווייגסט זיי פאר דעם? האט די מלכת־שבא געפרעגט פארוואונדערט. איז דאס ניט איין עולה צו רעדען אויף אזא קעניג ווי דו שלעכטס?

— וואס זאל איך זיי טהון? האט דער קעניג רוהיג געפרעגט.

— וואס הייסט! זענען דאס שטאדט־לייט, וואלט איך זיי פון שטאדט ארויס געטריעבען; זענען דאס דארפסלייט, וואלט איך זיי פון זייערע דערפער ארויס געטריעבען. איך וואלט אלץ ביי זיי צו גענומען, וואס זיי האבען; ווען דאס וואלט אויך נישט געהאלפען, וואלט איך זיי צום טוידט פאר משפט; ווייבער מוזען אויך וויסען צו אכטען זייער גרויסען קעניג.

דער קעניג האט מיט ארוהיגען שמייכעל געענטפערט: מיין ליעבע קעניגין! שלמה המלך, דער פריעדען־קעניג — קען זיין פאלק און וויל קיין אכזר נישט זיין. ווען איך זאל אלע אונצופריעדענע טיידטען אדער ארויס טרייבען פון שטאדט און דערפער, אזוי וועל איך נישט האבען, איבער וועמען צו זיין א מלך און ווער עס זאל ארבייטען די ערד און האנדלען און שאפען אלע רייכטהום, וואס מיין לאנד און פאלק ברויך צו זיין גליק, ווארום צופריעדען שטעלען אלעמען קען קיין מענש ניט, אפילו דער קעניג אליין. נו, און אז ווייבער רעדען, איז נאך קיין סכנות נישט. אדרבה, זיי רעדען זיך אויס, ווערען זיי רוהיגער, און איך בין אין שלום מיט מיין גאנצען פאלק, אויך מיט די „שענע העלפט" פון איהם.

— דו ביזט קלוג און גוט — האט די מלכה־שבא אויס גערופען, און גליקליך איז דאס פאלק, וואס האט אזא קעניג. אבער איך וואלט זעהר וועלען הערען, וואס רעדען די אונצופריעדענע, ווען דו ביזט נישט דאנעגען.

— דאס קען געשעהען, האט דער קעניג שלמה געזאגט, און האט בעפעהלט, אז מען זאל זיך צונויף קלויבען אויף א יאגד. דא איז געוועזען צו זעהען זעהר א פאראדנעם צוג. שלמה איז געוועזען מיט זיין גאנצען האפשטאט, אויך די מלכה־שבא מיט איהרע אלע האפלייט. אז זיי זענען געקומען טיעף אין וואלד לבנון, האט דער קעניג געזאגט צו אלע בעגלייטער: זיי זאלען בלייבען אלע דא, און ער מיט דער קעניגין וועלען אליין צו געהן צום נעהנטסטען דארף. ווי זיי זענען געקומען נישט ווייט פון וועג, האבען זיי דער הערט א שטימע זינגענדיג. „אהא"! דאס זינגט אונזער העלדין בת־שבע, די רעדעל־פיהרערין פון דעם בונט, זאגט דער קעניג. זי לאכט פון קעניג און פון דעסטוועגען שטאלצירט זי מיט מיין מוטערס נאמען. און ווייסט דו, קעניגין, אט די בת־שבע איז דווקא קלוג און גוט, זי נעהמט זיך אן פאר'ן פאלק אין דעם גאנצען דארף און אלע פרויען האבען זי ליעב, אפשר נישט ווייניגער פון מיין מוטער. גלויב מיר קעניגין, אז ווען איך וואלט ניט געוועזען שלמה המלך, וואלט איך געוואלט זיין אבנר, דער מאן פון דיעזער קלוגער און ענערגישער דארף־פרוי...

פערוואונדערט האט די מלכה־שבא געהערט דעם קעניגס רעד. און די שענע שטימע האט זיך אלץ העכער און העכער גע־

הֶערְט. אוּנ פַאר דִי אוֹיגֶען פוּן דֶעם ,קֶענִיג אוּנ דִי ,קֶענִיגִין הָאט זִיךְ פָאר־גֶעשְׁטֶעלְט אַ שֵׁיינֶעס, עֶכְט־דָארְפִיגֶעס בִּילְד: פוּן אֵיין זַייט הָאט זִיךְ גֶעזֶעהְן אַ שֵׁיינֶער גְרִינֶער גָארְטֶען מִיט פֶערְשִׁיעדֶענֶע פְרִיכְטֶען, פוּן דֶער צְוֵוייטֶער זַייט אִיז גֶעלֶעגֶען אַ גְרוֹיס פֶעלְד אוּנ 2 מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גֶע־אַקֶערְט מִיט אָקְסֶען; אִין מִיטֶען אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ נִידְרִיגֶע, אָבֶּער אַ גַאנְץ שֵׁיינֶע הוֹיז. הִינְטֶער דֶעם הוֹיז הָאט זִיךְ גֶעזֶעהֶען אַ גְרוֹיסֶע לָאנְקֶע, דָארְט הָאבֶּען זִיךְ גֶעפַּאשֶׁעוֶועט אֵיינִיגֶע שָׁאף מִיט אַ פָּאר צִיגֶען, צְוֵויי קִינְדֶער, אַ מֵיידֶעל פוּן אַ יָאהר אַכְט אוּנ אַ יוּנְגֶעל פוּן אַ יָאהר צֶעהְן, הָאבֶּען זִיךְ גֶעיָאגְט מִיט דִי בַּייצֶען אִיבֶּער'ן לָאנְקֶע; עֶס שֵׁיינְט, אַז דָאס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִי פַּאסְטוּכֶער פוּן דֶער קְלֵיינֶער סְטַאדֶע. נֶעבֶּען טְהִיר פוּן שְׁטוּבּ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ בַּאנְק, אוֹיפְ'ן בַּאנְק אִיז גֶעזֶעסֶען אַ פְרוֹי, נִיט אַזוֹי יוּנְג אָבֶּער זֶעהר אַ שֵׁיינֶע מִיט אַ פָּאר קְלוּגֶע פַייֶערִיגֶע אוֹיגֶען. זִי הָאט אַ פָּאר מָאל אַ קוּק גֶעטְהוּן פוּן וַוייטֶען, וואו עֶס זֶענֶען אַרוּם גֶע־גַאנְגֶען הִינֶער מִיט קְלֵיינֶע הִינְדֶעלֶעךְ, נָאכְדֶעם הָאט זִי צוּ גֶערוּקְט צוּ זִיךְ אַ רֶעדֶעל אוּנ הָאט פְלֵייסִיג גֶעשְׁפּוּנֶען אוּנ אִיהר זִיסֶער קוֹל הָאט זִיךְ וַוייט—וַוייט גֶעהֶערְט אִין דֶער שְׁטִילְקֵייט פוּן דָארְף. זִי הָאט גֶעזוּנְגֶען פוּן דֶעם קֶענִיג שְׁלֹמֹה מִיט זַיינֶע גְרוֹיסֶע פְלַאנְצֶען אוּנ פִיעלֶע פְרוֹיֶען, פוּן דֶעם שְׁטָאדְטִיגֶען לֶעבֶּען מִיט זַיין פַארְדָארְבֶּענֶעם לוּקְסוּס, וָואס בְּרֶענְגְט אוּנְגְלִיק אוֹיךְ אִין דָאס גְלִיקְלִיכֶע דָארְף מִיט זַיין רוּהֶע אוּנ שְׁטִילְקֵייט.

אוּנ וָואס מֶעהר זִי הָאט גֶעזוּנְגֶען, אַזוֹי שְׁטַארְקֶער אִיז גֶעוָוארֶען אִיהר קְרִיטִיק גֶעגֶען דִי שְׁטָאדְט, גֶעגֶען דִי פַּאלַאצֶען אוּנ גֶעגֶען דֶעם ,קֶענִיג אַלֵיין...

בְּלַייךְ פוּן שְׁרֶעק אִיז גֶעשְׁטַאנֶען דִי ,קֶענִיגִין פוּן שְׁבָא, הֶערֶענְ־דִיג דִי שֵׁיינֶע, אָבֶּער שְׁרֶעקְלִיכֶע זִינְגֶערִין. דֶער ,קֶענִיג אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען רוּהִיג, ,עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען פַארְטְרַאכְט, פֶערְטִיעפְט, אִין זַיינֶע אֵייגֶענֶע גֶעדַאנְקֶען.

פְּלוּצְלִינְג הָאט ,עֶר מִיט ,עֶנֶערְגִישֶׁער שְׁטִימֶע גֶעזָאגְט: מִיר גֶע־הֶען אִין דָארְף, זָאל זִי אִיהר ,קֶענִיג זֶעהן — זִי דִי גְרוֹיסֶע אוּנְצוּפְרִיע־דֶענֶע פְרוֹי!...

---

# אַ בְּרִיעף צוּם מַאן.

(עֶנְדֶע).

גֵעהט זִי אִין דֶער גַאס קוּקֶען אִיהר מֶענְשֶׁען נָאךְ, דַאכְט זִיךְ אִיהר, אַז מֶען טַייט אוֹיף אִיהר מִיט דִי פִינְגֶער, טְרַאכְט זִי בַּיי זִיךְ, זָאל נָאר מַיין בּוּנָם קוּמֶען, וֶועל אִיךְ זַיי הֶערֶען וִוי דֶעם קָאטֶער.

קוּמֶען צוּ גֵעהְן שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען אוּנ רֶעדֶען אוֹיף אִיהר בּוּנְ'ם אוֹיס, אַז ,עֶר הָאט זִיךְ דָארְט, אִין וַוארְשָׁא, אִין גַאנְצֶען פֶערְדְרֵיעהט, אָנְגֶעטְהוּן זִיךְ קוּרְץ, אוּנ גֵעהט ,עֶפִּיס מִיט אַ "פַּאנִיֶע" אִין דִי גַאסֶען שְׁפַּאצִירֶען.

שֶׁעלְט דִי מַאמֶע, רֵייצְט זִיךְ דִי שְׁוֶועסְטֶער, אוּנ דֶער טַאטֶע זָאגְט: אִיךְ הָאבּ בַּאלְד גֶעוואוּסְט, אַז ,עֶס וֶועט אַזוֹי זַיין.

זִיצְט זִי אִין שְׁטוּבּ, אֵיינֶע אַלֵיין, פַאר נַאכְט, ,עֶס אִיז טוּנְקֶעל. נֶעמְט זִי דָאס קִינְד אוֹיף דִי קְנִיעֶן, אוּנ דֶערְצֵיעהְלְט דֶעם קִינְד אַ מַעֲשֶׂה'לֶע:

דֶער טַאטֶע הָאט אוּנְז פֶערְלָאזְט, אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען וַוייט, ,עֶר וֶועט שׁוֹין מֶעהר נִישְׁט צוּרִיק קוּמֶען, נִישְׁט דִיךְ זֶעהן, נִישְׁט מִיךְ, גֵיין... גֵיין... גֵיין...

הוֹיבְּט זִי גָאר אָן צוּ וֵויינֶען.

---

שֶׁעלְט דִי מַאמֶע אִיהר בּוּנָם, פֶערְשְׁטוּפְּט זִי דִי אוֹיהרֶען, רֶעדְט וֶוער אוֹיס אוֹיף אִיהר מַאן, זָאגְט זִי, אַז ,עֶר אִיז נִישְׁט וֶוערְט זַיינֶע נֶעגֶעל־וַואסֶער, קוּמְט דִי שְׁוֶועסְטֶער צוּ גֵעהן אוּנ זָאגְט:

— זֶעהט נָאר, וִוי זִי הַאלְט נָאךְ פוּן אִיהם, ,עֶר וֶועט דָאךְ דִיךְ סַיי וִוי סַיי שׁוֹין נִישְׁט צוּרִיק נֶעמֶען.

— עֶנְטְפֶערְט זִי אִיהר צוּרִיק:

— נוּ, וֶועט ,עֶר מִיךְ נִישְׁט צוּרִיק נֶעמֶען, וִויל ,עֶר אַזוֹי, הָאט ,עֶר אַזוֹי חֵשֶׁק, אוּנ וֶועמֶעס גֶעשֶׁעפְט אִיז ,עֶס?

בֵּייזֶערְט זִיךְ דֶער טַאטֶע:

— בִּיזְט נָאךְ ,עֶרְגֶער הוּנְדֶערְט מָאל פַאר אִיהם.

---

הוֹיבְּט מֶען אָן פוּן אַ גֶט צוּ רֶעדֶען.

רֶעדְט דֶער טַאטֶע פוּן דֶעם גֶט, הָאט זִי דָאךְ מוֹרָא, שְׁוַוייגְט זִי אוּנ וֵויינְט, רֶעדְט דִי מַאמֶע פוּן גֶט: וֵויינְט זִי שׁוֹין הוֹיךְ אוֹיף דִי מַאמֶעס הַאלְז, אַז זִי וִויל נִישְׁט.

שְׁטְרַאשֶׁעט דֶער טַאטֶע, אַז ,עֶר וֶועט זִי פוּן שְׁטוּבּ אַרוֹיס־וַוארְפֶען, וֶוען זִי וֶועט זִיךְ נִישְׁט וֶועלֶען גֶט'ֶען. דִי מַאמֶע נֶעמְט זִי מִיט גוּטֶען אַיין: ,עֶס אִיז דָאךְ פֶערְפַאלֶען, זָאל דִיךְ דַאכְטֶען, אַז דוּ הָאסְט זַיין טְרֵפָה פַּרְצוּף נִישְׁט אָנְגֶעקוּקְט, אוּנ דִי מוּמֶע נֶחָה־בֵּיילֶע טְרֵייסְט זִי, אַז זִי וֶועט נָאךְ אַזַא אֵיינֶעם וִוי בּוּנָם אִין דֶער הַאלְבֶּע נַאכְט קְרִיגֶען.

קוּקְט זִי אוֹיפְ'ן קִינְד אוּנ וֵויינְט.

---

אִין אַ שַׁבָּת־צוּ־נַאכְטְס, דִי הַבְדָלוֹת הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ אוֹיפְ'ן טִישׁ גֶעבְּרֶענְט, אוּנ דֶער טִישׁ הָאט נָאךְ פוּן הַבְדָלָה־וַויין גֶעשְׁמֶעקְט, זִיצְט דֶער פֶּעטֶער מִיט דֶעם פָּאטֶער אוּנ מֶען שְׁרַייבְּט צוּ דֶעם אֵיידֶעם אַ בְּרוֹגֶז־בְּרִיעף.

דֶער פֶּעטֶער מִיט דֶעם פָּאטֶער הָאבֶּען דֶעם בְּרִיעף דִיקְטִירְט, אוּנ אִיהם גֶעגֶעבֶּען אִיבֶּערְצוּשְׁרַייבֶּען מִיט אִיהר כְּתַב.

אַ לֶעמְפִּיל הָאט זִיךְ אוֹיפְ'ן טִישׁ גֶעבְּרֶענְט, אוּנ דָאס קִינְד הָאט זִי אִין שׁוֹיס גֶעהַאלְטֶען, אוּנ זִי הָאט דֶעם בְּרִיעף אִיבֶּערְגֶעשְׁרִיבֶּען:

"בּוּנָם!

מִן הַסְתָּם אִיז אוּנְזֶער שִׁדּוּךְ נִישְׁט פוּן גָאט בַּאשֶׁערְט, אַז ,עֶר הָאט גֶעמַאכְט, אַז ,עֶס זָאל אַזוֹי אַרוֹיסְקוּמֶען. ,עֶס אִיז בַּיי מִיר גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיסְצוּשְׁטֵעהְן אַלֶע צָרוֹת אוֹיף דֶער וֶועלְט, אַבִּי נִישְׁט מִיט אַזַא מַאן צוּזַאמֶען צוּ וואהנֶען, וָואס פַארְלָאזְט גָאטְ'ס הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אוּנ טְרֶעט אָבּ פוּן יוּדִישֶׁען וֶועג. עַל כֵּן שְׁרַייבּ אִיךְ דִיר, אַז אִיךְ וִויל דִיךְ שׁוֹין מֶעהר נִישְׁט ,קֶענֶען, אוּנ מִיר זָאלֶען זִיךְ גֶטְ'ן, דָאס קִינְד נֶעם אִיךְ צוּ מִיר, אוּנ דוּ וֶועסְט דִיר דֶערְמָאלְט ,קֶענֶען טְהוּן וָואס זַיין הַארְץ גְלִיסְט.

רָחֵל".

זי האט די פעדער אוועק געלעגט, און א טרער האט פון איהר אויג אויפ'ן קינד'ס געזיכט אב געקאפעט.

דאס קינד איז אויף איהר שויס געלעגען, און האט זיך פער־גניגענדיג דאס הענדיל אין מויל געזויגען, און מיט די אויגען האט עס וואו ערגיץ געבליקט.

— יצחק־לעבען, גט'ן זיך מיט'ן טאטעשי, יא, גט'ן זיך אויף שטענדיג, שטענדיג, קיינמאל שוין מעהר נישט זעהען.

דאס קינד האט מיט איין פיסל געווארפען און האט שווייגענדיג געשמייכעלט.

— און דו יצחק־לעבען, וואס וועסט דו שרייבען צום טאטעשי? זאג וואס?

דאס קינד שמייכעלט און חאפט אן די מוטערס געזיכט מיט'ן הענדיל.

— אז ער זאל זיך גט'ן מיט דער מאמע? יא? דאס ווילסט דו שרייבען?

זי האט געקוקט אויף דעם קינד.

— ווילסט, נו קום וועסט דו שרייבען א בריעפעלע צום טאטיוניו.

זי האט די פעדער צווישען דעם קינד'ס פינגערלעך אריין געשטעקט און דעם קינד'ס הענדיל אויף דעם פאפיער געפיהרט:

— „קום טאטיוניו אהיים צו דער מאמעניו און ברענג מיר מיט א שבת'דיג היטעלע. איך גרוס דיך, מיין טאטיוניו, פון מיר דיין ליעבער זוהן יצחק־לעבען".

שלום אש.

---

# פאר די מוטערס.

---

## ווי אזוי דארף מען ערציעהען ברוסט־קינדער.

זעהר אפט מאכט זיך, אז ברוסט־קינדער ליידען אויפ'ן מאגען און שטארבען דערפון, ד א ס ר ו ב זומער־צייט. דאס קומט דערפון וואס די מאמעס ווייסען ניט ווי אזוי מען דארף אנזויגען א קינד.

יעדע מוטער — אויב זי איז נאר געזונד — מוז אליין זויגען איהר קינד, ווייל דער מוטערס ברוסט איז פאר א קינד די געזונדסטע און די זעטיגסטע שפייז, נאר דערביי מוז מען וויסען א מ א ס: די ברוסט דארף מען געבען ניט אפטער, ווי דאס קינד בעדארף נאך זיין עלטער נאך.

ביז זעכס חדשים דארף מען געבען דעם קינד די ברוסט אלע צוויי שעה, בסך הכל זעכס מאל דורכ'ן טאג און דריי מאל דורך דער נאכט; אז דאס קינד איז עלטער פון זעכס חדשים, דארף מען איהם געבען די ברוסט פיער מאל אין טאג און צוויי מאל ביי נאכט.

פיעל מוטערס האבען א שלעכטע געוואנהייט, שטופען דעם קינד די ברוסט, נאר וואס עס הויבט אן צו שרייען; אבער דאס זויגען צו אפט שאדט זעהר דעם קינד: די קינדער ברעכען דערפון, דער בויך ווערד ביי זיי גרויס, עס לאקסירט זיי אפט און זיי בעקומען שטארקע וועהטאגען אין בייכעל. — אויב א קינד איז אומרוהיג און וויינט, איז דאס נאך קיין בעווייז ניט, אז עס איז הונגעריג; מען דארף פריהער זעהען צי איז עס ניט נאס, צי איז עס ניט ארויסגעגאנגען אונטער זיך, צי איז איהם ניט קאלט אדער הייס, צי עס קוועטשען איהם ניט די ווינדעלעך, צי עס בייסען איהם ניט קיין פליעגען אדער עטוואס אנדערס; מען מוז דאס אלעס אין ארדנונג ברענגען און מיט'ן זויגען זיך אויפהאלטען, ביז עס קומט די אויבען אנגעוויזענע צייט.

ביים זויגען מוז מען די ברוסט בייטען: איין מאל געבען די רעכטע און איין מאל די [illegible]קע ברוסט, יעדעס מאל ביז דאס קינד הערט ניט אויף צו זויג[illegible] — אויב די ברוסט איז א קראנקע, טאר מען זי גאר ניט געב[illegible] — ביים זויגען מוז די מוטער זיצען, ניט שטעהן און ניט ארומ[illegible]ן: דאס קינד דארף זי האלטען אויף די קניע, זיך אביסעל אנבויגען צום קינד, ווייל דעם קינד איז אזוי גרינגער צו זויגען. — אז דאס קינד האט זיך אנגעזויגען, טאר מען עס ניט שטארק וויגען אדער ווארפען אין דער הויך, ווייל דערפון קען דאס קינד אויסברעכען. — אויב דאס קינד איז אנשלאפען געווארען ביים זויגען דארף מען דאס ניט האלטען ביי דער ברוסט, די מוטער טאר אליין אויך ניט אנשלאפען ווערען ביים זויגען.

די מוטער מוז איהרע ברוסט האלטען זעהר ריין. — פאר יעדען זויגען דארף מען אבוואשען די ברוסט מיט ריינע ווארמע וואסער און נאכ'ן זויגען אבווישען מיט א ריינעם האנטוך. — אומריינע ברוסט שאדט דעם קינד (עס בעקומט פליסניאווקע אין מויל און לאקסירען) און ביי דער מוטער קענען דערפון ווערען וואונדען אויף די פופקעס, דאס ברענגט גרויסע וועהטאגען און דערפון קען ווערען א אנצינדונג אין דער ברוסט (א פערהארטונג, א וואספאליעניע).

אויב דאס קינד נעמט ניט די ברוסט, מוז מען איהם א קוק טהון אין מויל: ווען עס בעווייזט זיך א פליסניאווקע אדער א וואסער־עס־איז אנדערע קראנקהייט מוז מען געהן צו א דאקטאר און ביז ער וועט קומען זאל מען נעמען א גאנץ ריין און וייך שטיקעל לייוונט, ארומדרעהען ארום דעם קלענסטען פינגער, איינטונקען אין ריינע וואסער אדער בעסער אין טהיי און פאמעליך אויסרייניגען די די יאסלעס, דאס צינגעל און ביי די בעקלעך.

ווען א מוטער זויגט א קינד, מוז זי אליין בעסער עסען. — עס איז נוצליך, די מוטער זאל טרינקען מילך, עסען אייער, פלייש, יויך און קאשע; זי דארף זיך אפהיטען פון שווערע שעדליכע עסענס וואס שאטען צום מאגען.

די מוטער וואס זויגט א קינד דארף גאר ניט טרינקען, קיין וויין, קיין ביער און קיין בראנפען, ווייל עס איז זעהר שעדליך פאר'ן קינד.

ביז זעכס חדשים דארף מען דעם קינד חוץ דער ברוסט גאר ניט געבען. ביז א האלב יאהר איז ביים קינד נאך צו א שוואכער מאגען און יעדע הארטע שפייז קען איהם שאדען. — נאך זעכס חדשים — אויב דאס קינד איז געזונד — קען מען דאס שוין צו ביסלעך צוגעוואהנען מיט געבריטער קוה־מילך, לויזע אייער, שיטערע קאשע.

דאס עסען מוז מען דעם קינד תמיד געבען ווארמערהייט. — געבען הארטע זאכען, למשל שווארץ ברויט אדער ווייס ברויט (בולקע), בייגעל, קארטאפעל, קען מען נאר דענסטמאל ווען דאס קינד האט שוין אמוועניגסטען אכט צייהן, דאס הייסט נאכ'ן ערשטען יאהר. צוהאדעווען ביי נאכט איז גאר ניט נעטהיג. — ווען דאס קינד איז שוין אלט א יאהר, מעג מען עס שוין אנטוויינהנען; זויגען א קינד מעהר פון א יאהר האט קיין שום זין ניט, ווייל נאכ'ן יאהר וועט שוין די מילך ביי דער מוטער ניט זעטיג און פיעל וויניגער, די מוטער אליין וועט [illegible] שוואכט. — אנטוויהנען א קינד דארף מען ניט מיט אמאל, נאר צו[illegible]לעך. אלע מאל וועניגער געבען די ברוסט און אנשטאט דעם צוהא[illegible]ען. — ווען דאס קינד איז ניט געזונד, ליידט אויפ'ן מאגען, טאר [illegible] עס ניט אנטוויהנען ביז עס וועט געזונד.

אנטוויהנען אים זומער אין די היצען איז זעהר שעדליך, ווייל דאס קינד קען אנהויבען לאקסירען. אז מען האט שוין אנטוויינט דאס קינד מוז מען עס פון אנהויב געבען שיטערע שפייז און נאכדעם, ווען עס האט שוין מעהר צייהן, דארף מען עס געבען הארטערע זאכען: געקאכטע קארטאפעל, גוט אויסגעבאקענעם ניט קיין זויערען ברויט, אייער. — פון זיסע זאכען איז דאס בעסטע צו געבען ריינעם צוקער, ווארום צוקערקעס און לעקעכלעך (געפארבטע) זענען דאס רוב זעהר שעדליך. — אויפ'ן דריטען יאהר קען מען שוין געבען דעם קינד, אהן מורא צו האבען, אלדינג וואס די עלטערע עסען.

אויב די מוטער איז ניט געזונד דארף זי פרעגען א דאקטאר צי מעג זי זויגען, צי וועט עס ניט שאדען איהר אדער דעם קינד.

ווי אזוי אבער זאל מען ערציעהען א קינד ווען דער דאקטאר געפינט, אז דער מוטער איז שעדליך צו זויגען דאס קינד, אדער אויב די מילך איז ביי איהר פערשוואונדען, אדער ווען די מוטער, בעהיט גאט, שטארבט און לאזט איבער א זויג־קינד. דאס בעסטע איז אז מע געפינט א געזונדע זויגערין, האטש אויף דער ערשטער צייט ביז דאס קינד וועט א ביסעל עלטער; בעסער איז אזא זויגערין וואס איהר קינד איז פון דער אייגענער עלטער; אין די ערשטע דריי חדשים איז דאס זעהר נעטהיג.

(ענדע קומט).

---

## אלערליי.

(מערקווירדיגע פרויען־היטע). א דאמענהוט איז א מערקווירדיגע זאך: טהייל מאל איז ער א גארטען, טהייל מאל א מענאזשעריע (א חיות גארטען) און טהייל מאל ביידע צוזאמען. עס איז אבער נאר איין דאמע דא, וואס קען זיך בערימען, אז זי האט געטראגען א הוט פון קאליברי־ (אזא מין פויגעל) נעסטען. דאס איז געוועזען איינע אמעריקאנערין. דער פרייז פון אזא הוט איז גאר נישט משער צו זיין. דאס קען זיך טאקע נאר א פרוי פון א ניו־יארקער מיליארדער ערלויבען. שטעלט אייך פאר, אז די גאנצע גרויס פון איין קאליברי־נעסט איז די העלפט פון א וועלישע נוס; מען מוז אלזא האבען א גאנצע מאסע נעסטער, בכדי צו בעפוצען א הוט דערמיט. נאך איין אמעריקאנער, וואס איז אהן דעם הוט אויך שען געוועזען, האט געטראגען א הוט, וואס איז געווען ארומגעשפינען מיט גאלדענע דראט, אויף דעם הוט איז געוועזען א קעפיג מיט א האלב טוץ קליינע איידעקסען (יאשטשעריצעס), וואס זייער קופער־גרינע הויט האט אויף דער זון געבלישצעט ווי גאלד, און די קליינע שרצים האבען ארומגעקלעטערט אויף די גאלדענע דראטען ארויף און אראב. נאך איינע, א פנים זעהר א פאעטישע און מוזיקאלישע נאטור, האט איהר הוט בעפוצט מיט אמת'ע וואהלשמעקעדיגע גלאָ־קענבלומען, פון צווישען די בלומען האט זיך געהערט שטילע זיל־בערנע טענער, דען צווישען די בענדער און בלומען איז געווען אריינגעשטעלט א גאנץ קליינער שפיעל־זייגער. אנצוציעהען דעם זייגער האט די דאמע נאר געברויכט צו דרעהען א קנאפ, וועלכער איז געווען מיט יובעלען בעזעצט, דער קנאפ איז געוועזען אנגעבראכט אין א הוטנאדעל. א פאריזער שוישפיעלערין האט געטראגען א הוט, וועלכע איז געוועזען פון פיינע זילבערדראט געמאכט, די דראטען זענען אזוי געפלאכטען געווארען, אז זיי האבען אויסגעזעהען ווי א געאמעטרישער שפין־נעץ און אין רעכטען מיטען איז געזעסען א שפין מיט פונקעל־דיגע זמאראגדען־אויגען. אז מען האט א דריק געטהון א שפראנזשינע האט זיך די שפין אנגעהויבען צו ריהרען און איז אין איהר נעץ ארומגעקראכען, נישט ווייט פון דער שפין זענען געזעסען איינינע פליעגען פון מעטאל און האבען אויסגעוויזען גלייך ווי זיי וואלטען מורא האבען, די שפין זאל זיי נישט חאפען. נאך איינע האט גע־טראגען א הוט, וואס האט אמאל דעם זומער אמאל דעם ווינטער פארגעשטעלט. האט מען דעם הוט געבויגען רעכטס האבען זיך בע־וויזען רויטע ראזען און גרינע בענדער, אמת'ע זומער סימנים; האט מען איהר א בייג געטהון לינקס האבען זיך בעוויזען ווייסע בלומען און גרויע בענדער פון אמת'ע ווינטער־בלומען.

---



Herausgeber Verlag»Volksbildung». Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck.v S. L. DeutscherPodgórze b.Krakau